# מ׳קען ווערן קליגער

## אַ פּאָפּולערע אָפּהאַנדלונג וועגן
## קלוגהייט און נאַרעשקייט

פון

## ישראל איסר קאַצאָוויטש

פאַרפאַסער פון „60 יאָר לעבן״
„דאָס אייביגע פאָלק״ און
„אידעאַלע הייראַט״


ניו יאָרק
היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
1934

# אינהאַלט

## קאַפּיטל איינס
# זעלבסט־קריטיק

אין קלוגהייט זיינען פאַראַן פאַרשיידענע שטופן. ווייניג מענטשן דערגרייכן צו דער העכסטער שטופע פון קלוגהייט.

אַ פּולקאָמער קלוגער מענטש, וואָס מען רופט חכם, באַזיצט אנגעבוירענע זעלטענע פעיגקייטן, און די פעיגקייטען זיינען צו דער העכסטער שטופע אַנטוויקלט דורך לערנען און דורך באַאָבאַכטונגען.

דער קלוגער ווייס, אַז טעאָריע אַליין איז ניט גענוג צו מאַכן קליגער. צו דער טעאָריע דאַרף מען זיין אַ פּראַקטישער מענטש, מען זאָל קענען די וועלט און קענען די מענטשען. דעריבער באַאָבאַכטעט דער קלוגער יעדע זאַך. ער איז קיינמאָל ניט אָפּגעשלאָסן פון דער אַרומיגער וועלט און מענטשן. ער נוצט אויס זיין רייכן וויסן אויף אַלע געביטן פון דעם לעבן. ער איז ניט נאָר פאַרנומען מיט אַבסטראַקטע אידעען, נאָר ער איז אויך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער רעאַליטעט פון לעבן, מיט די אַלטעגליכע פּראָבלעמען. ער באַגרייפט און פאַרשטייט אַלע נייע ערשיינונגען און ענדערונגען.

זיינע פעיגקייטן און זיין בילדונג קען מען באַ־מערקן, ווען ער דריקט אויס זיינע געדאַנקען אין ווערטער, און דערהויפּט קען מען זען זיין חכמה אין זיין שיינער קלוגער אויפפירונג אין אַלטעגליכן לעבן.

דער קלוגער מענטש לעבט אַ מאָראַלישן לעבן. דער געפיל פאַר עטישע פליכטן איז ביי אים אנט־וויקלט צו דער העכסטער שטופע.

אָטדאָס איז דער פולקאָמער קלוגער מענטש. ער איז אַן אויסנאַם, אַ זעלטנהייט, ווי אַלע גרויסע טאַ־לאַנטן און געניס.

דער גרעסטער טייל מענטשן זיינען נאָר טיילוויז קלוג. זיי באַזיצן געוויסע קוואַליטעטן און כאַראַק־טעריסטיקס פון אַ קלוגן, אָבער עפּעס פעלט זיי. עס קען זיין, אַז פילע באַזיצן די גייסטיגע פעיגקייטן, וועלכע קענען מאַכן דעם מענטשן קלוג, נאָר די פעיגקייטן זיינען ניט אַנטוויקלט געוואָרן ווי געהעריג.

אויב איר וועט מיט אויפמערקזאַמקייט לייענען אָטדעם ביכעלע, וועט איר זיך באַקענען מיט די קוואַליטעטן און כאַראַקטעריסטיקס, מיט וועלכע דער אמת׳ער קלוגער צייכנט זיך אויס, און אויב איר וועט וועלן זיך אַליין עקזאַמענירן, זיך אַליין קריטיקירן, וועט איר אויסגעפינען וואָס אייך פעלט

געוויס איז זעלבסט־קריטיק אַן ערנסטע, שווערע אויפגאַבע. צו זיין אַ ריכטער איבער זיך אַליין, און זיין אָרנטליך, ניט פּאַרטייאיש, דאַרף מען זיין אַ מענטש מיט אַ כאַראַקטער.

זעלבסט־קריטיק טאָר ניט זיין אַן אויבערפלעכ־ליכע. נאָר עס מוז זיין אַ טיפע, אַ מוטיגע און אַן אמת׳ע.

ווען איר וועט מאַכן אָט אַזאַ זעלבסט־קריטיק, וועט איר אויסגעפינען, אַז ניט נאָר עס פעלן אייך פילע פון די כאַראַקטעריסטיקס פון אַ קלוגן, נאָר אַז אין אַ גרויסער מאָס באַנוצט איר זיך מיט די כאַראַקטעריסטיקס פון אַ נאַר.

און, ווען איר וועט דאָס באַגרייפן, וועט איר אָנ־ווענדן אַלע פעיגקייטן צו אויסבעסערן די פעלערן, און צו ווערן קליגער. און דאַן וועט איר פאַרשטיין ווי אַזוי צו לעבן אַ שענערן מענטשליכן לעבן, אַז מען זאָל ווערט זיין דעם נאָמען מענטש אין דעם פולן זין פון דעם וואָרט. מיר וועלן פאַרשטיין, אַז די פול־קאָמענהייט פון אַ מענטשן אַלס מענטש קען זיין נאָר דאַן, ווען אַלע אונזערע אייגנשאַפטן און פעיגקייטן זיינען צוזאַמענגעבונדן, ווירקן איינע אויף די אַנ־דערע, און קאָנטראָלירן איינע די אַנדערע.

עס מוז זיין אַ האַרמאָנישער צונויפגוס פון פאַר־שטאַנד, געפילן, פאַנטאַזיע און ווילן אום צו באַזיצן די אמת׳ע מענטשליכע נשמה־רייכקייט.

און, ווען מיר וועלן קליגער ווערן, וועלן מיר שטרעבן צו פאַרווירקליכן די אידעאַלן פון מענטש־ליכער פרייהייט, פון מענטשליכער פאַרברידערונג און פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, און דערמיט וועלן מיר אונזער אייגענעם לעבן מאַכן שענער און גליק־ליכער.

## קאַפּיטל צוויי
# זעלבסט־בילדונג

אַ מענטש קען באַזיצן די פעיגקייטן, וועלכע מאַכן דעם מענטשן קלוג, און דאָך זאָל ער ניט זיין פולקאָם קלוג, אויב ער האָט ניט קיין בילדונג. אויב דער מענטש איז ניט געבילדעט, ניט געלערנט, קען ער ניט באַזיצן די כאַראַקטעריסטיקס, מיט וועלכע דער קלוגער צייכנט זיך אויס.

און בילדונג מיינט ניט נאָר דורצוגיין אין די יונגע יאָרן אַ שולע און צו באַקומען אַ דיפּלאָם, און בלייבן דערביי.

דער צוועק פון בילדונג דאַרף זיין צו אַנטוויקלען אונזערע פעיגקייטן, צו שטאַרקן אונזער דענקונגס־קראַפט, צו לערנען אונז ווי אַזוי צו לעבן, אַז דער לעבן זאָל זיין גוט פאַר זיך און פאַר אַנדערע. בילדונג דאַרף אונז מאַכן ניט נאָר פאַר דענקענדע מענטשן, נאָר אויך פאַר פילענדע מענטשן, צו פאַר־שטיין און צו פילן וואָס רעכט און וואָס אומרעכט איז, און צו שטרעבן צו זיין אַ ניצליכער מענטש פאַר דער מענטשהייט.

צום באַדויערן איז אונזער בילדונג, וואָס מיר באַ־

קומען אין די יונגע יאָרן, נאָר אַ שטערונג צו דער ריכטיגער אַנטוויקלונג פון אונזערע פעיגקייטן. מען צווינגט אויף אונז אַרויף פאַלשע אידעען און באַגריפן וועלכע קענען זיין ניצליך נאָר פאַר איין קלאַס מענטשן.

מיר געבן אונזערע קינדער אַ בילדונג, וועלכע איז געגליכן צו אַ בוים, וואָס מען פלאַנצט אויף אַן אומקולטיווירטן באָדן. אַזאַ בוים האָט שוואַכע וואָרצלען, ער קען ניט ווי געהעריג וואַקסן, בליען און ברענגען די ריכטיגע פרוכט.

דעריבער מוזן מיר איבערבילדן אונזער בילדונג. אַזוי ווי מיר דאַרפן שפייזן אונזער קערפּער מיט קערפּערליכע שפּייז, אַזוי דאַרפן מיר שפּייזן אונזער גייסט מיט גייסטיגע שפּייז. און גייסטיגע שפּייז מיינט לערנען פון ביכער, פון די מענטשען, וועלכע האָבן מער פון אונז געלערנט און געדענקט.

און ווען אפילו מיר האָבן קיין שולע ניט געענדיגט, און מיר האָבן ניט קיין דיפּלאָם, קענען מיר, און מיר מוזן, אַליין לערנען.

מיר דאַרפן, און מיר קענען, לערנען פּאָפּולערע וויסנשאַפט, מיר דאַרפן לעזען גוטע פּובליציסטיק און גוטע קריטיק, וועלכע וועלן אונז באַרייכערן

מיט נייע געדאַנקען, מיט נייע שטרעמונגען. און ווען מיר לייענען אפילו בעלעטריסטיק, ראָמאַנען און נאָוועלן, דאַרפן מיר אויך עפּעס לערנען דערפון. מיר דאַרפן אַריינדרינגען אין די נשמות פון די העלדן צו פאַרשטיין זייערע פּסיכישע איבערלעבונגען, און דורכדעם קענען בעסער פאַרשטיין אונזער אייגענעם לעבן.

און מיר דאַרפן פאַרשטיין, אַז אין געוויסע הינ־זיכטן איז אונזער גייסטיגע שפּייז גלייך צו אונזער קערפּערליכער שפּייז; אַזוי ווי אונזער קערפּער־ליכע שפּייז דאַרפן מיר געברויכן נאָר דאָס, וואָס איז נאַרהאַפטיג פאַר דעם קערפּער, און עסן דאַרף מען ניט געכאַפּט, נאָר גוט צעקייען וואָס מען עסט, און ניט אָנשטאָפּן צופיל דעם מאָגן, אַזוי דאַרפן מיר אונזער גייסטיגע שפּייז, ווי לערנען און לעזען, גע־ברויכן נאָר דאָס, וואָס איז ווירקליך נאַרהאַפטיג פאַר אונזער גייסט, און מיר דאַרפן דאָס געברויכן ניט געכאַפּט. יעדן געדאַנק דאַרף מען גוט צעקייען, און ניט אָנשטאָפּן צופיל דעם מוח. בעסער וויניגער לעזן און מער דענקען וועגן דעם וואָס מען לעזט.

## קאַפּיטל דריי

# שנעל באַגרייפן און טיף פאַרשטיין

איצטער לאָמיר באַטראַכטן די פעיִקייטן פון אַ קלוגן, און זען וואָס אונז פעלט.

דער פולקאָמער קלוגער איז באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט די בעסטע פעיִקייטן, וועלכע האָבן צו טאָן מיט דעם מענטשן׳ס אינטעלעקט, מיט זיין שׂכל.

דער קלוגער באַזיצט די פעיִקייט שנעל צו באַגרייפן אַ נייעם געדאַנק, אַ נייע טעאָריע אָדער אַ נייע אידעע, און דאָס וואָס ער באַגרייפט, פאַרשטייט ער טיף, גרינטליך און דייטליך. איצטער לאָמיר זען, וואָס איינעם קען פעלן.

מיר וועלן נעמען, צום ביישפּיל, אַ מענטשן, וועלכער באַזיצט די ערשטע פעיִקייט פון אַ קלוגן, דאָס מיינט, ער קען שנעל באַגרייפן אַ נייע זאַך, אָבער זיין פעלער איז, וואָס ער כאַפּט אויף די זאַך אויבערפלעכליך, ניט טיף, ניט גרינטליך.

אַזאַ מענטש, אויב ער האָט נאָר גענוג פאַרשטאַנד צו פאַרשטיין זיין פעלער, קען ער דאָס פאַרריכטן. ער דאַרף נאָר האָבן געדולד אָנצושטרענגען אינ־גאַנצן זיין אויפמערקזאַמקייט און קאָנצענטרירן

אינגאַנצן זיין דענקונגס־קראַפט. דאַן וועט ער געוויס דערגרייכן די טיפקייט פון דער זאַך; און ביסלעכ־ווייז וועט ער זיך צוגעוואוינען פאַרטיפן זיך און בעסער צו פאַרשטיין.

און, אויב איינעם פעלט די פעיגקייט צו באַגרייפן אַ זאַך שנעל, דאַרף דאָס אים אויך ניט אָפּשרעקן. ער דאַרף נאָר האָבן געדולד צו שענקען מער צייט. ער זאָל איבער'חזר'ן איינִיגע מאָל וואָס ער לערנט, אָדער וואָס ער לעזט, ביז ער וועט פאַרשטיין. און וואָס מער ער וועט אַזוי לערנען, וועט ער אַלץ מער אַנטוויקלען אין זיך די פעיגקייט שנעל צו באַגרייפן.

זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אַזאַ מענטש, וואָס קען ניט שנעל באַגרייפן, דאַרף אָנפאַנגען זיינע איבונגען פון גרינגערע זאַכן, וועלכע זיינען נענטער צו זיינע באַגריפן און צו זיינע קענטענישן.

און עס טרעפט אָפט, אַז די מענטשן, וואָס זיי קומט אָן פון אָנפאַנג שווער צו באַגרייפן און פאַר־שטיין, זאָלן שפּעטער פאַרשטיין די זאַך בעסער און טיפער פון די, וואָס זיי קומט אָן גרינגער צו באַגרייפן און פאַרשטיין.

## קאַפּיטל פיר

# זִכָּרוֹן (דאָס געדענקען)

יעדער מענטש ווייס גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ ראָלע עס שפּילט דער זכּרון אין אונזער לעבן. ווען מיר זאָלן ניט באַזיצן קיין זכּרון, ווען מיר זאָלן ניט געדענקען וואָס מיר לערנען, וואָס מיר זען און וואָס מיר הערן, וואָלטן מיר מעגן לעבן מתושלח׳ס יאָרן, און בלייבן אומוויסנדע.

דער פולקאָמער קלוגער מענטש באַזיצט אויך אַ וואונדערבאַרן זכּרון. אַלץ וואָס ער לערנט, וואָס ער לעזט, וואָס ער זעט און הערט געדענקט ער פאַר אימער, און דאָס העלפט אים זער פיל אין זיין גייסטיגער אַנטוויקלונג. זיין מוח אַנטהאַלט אַ גאַנצן אוצר פון פאַרשיידענעם מאַטעריאַל, פון וועלכן ער געברויכט יעדע זאַך אין דער ריכטיגער צייט אויף׳ן ריכטיגן פּלאַץ.

אויב איינער האָט אַ שוואַכן זכּרון, ער געדענקט ניט, קען ער זיך געוויס העלפן, אויב ער האָט נאָר געדולד מערערע מאָל איבערצו׳חזר׳ן די זאַך, אין וועלכער ער איז פאַראינטערעסירט.

און אויטאָריטעטן זאָגן, אַז אום צו געדענקען

בּעסער, זאָל מען איין טאָג איינ׳חזר׳ן איינציגע מאָל, און מיט אַ טאָג, אָדער צוויי טעג שפּעטער, טאָן דאָס זעלבּע. און ניט איינ׳חזר׳ן אין איינמאָל אין איין טאָג.

אָדער מיר ווען נעמען איינעם, וואָס האָט אַ גוטן זכּרון, ער געדענקט אַלץ, אָבער ער האָט אַ פעלער, דער גאַנצער מאַטעריאַל אין זיין קאָפּ איז אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. זיין מוח איז אָנגעפילט מיט פאַקטן, מיט גוטע אידעען, אָבער ער קען ניט קלאַסיפיצירן זיי. ער פאַנגט אָן איין זאַך און פאַרקריכט אין אַן אַנדערע זאַך. אין אַ געשפּרעך אין אַ געזעלשאַפט מאַכט זיך אַזאַ מענטש לעכערליך און נאַריש.

אויב עס געפינט זיך אַ גוטער פריינד, וועלכער ווייזט אים אָן אויף זיין פעלער, זאָל ער דאָס אַריינ־נעמען אין זינען, און זען צו פאַרריכטן זיין פעלער.

אַזאַ מענטש, אויב ער וועט נאָכפאָלגן וואָס עס איז אויבן דערמאנט געוואָרן וועגן לייענען בּיכער, וועט ער בּעסער ווייניגער לייענען, און מער דענקען וועגן דעם וואָס ער לייענט, וועט ער געוויס מער אַנטוויקלט ווערן גייסטיג, און דאַן וועט ער פאַרשטיין ווען און ווי אַזוי צו געבּרויכן וואָס ער געדענקט.

## קאַפּיטל פינף

# פאָרשטעלונגס־קראַפט

נאָך אַן אייגנשאַפט, וואָס מיר באַזיצן, און וואָס העלפט אונז אין אונזער גייסטיגער אַנטוויקלונג, איז אונזער פאָרשטעלונגס־קראַפט.

דער קלוגער מענטש, אויסער די אויבן־דער־מאנטע פעיגקייטן, באַזיצט ער אויך אַ שטאַרקע פאָרשטעלונגס־קראַפט. ניט נאָר וואָס ער לערנט אָדער ער זעט ווערט ווי געפאָטאָגראַפירט אין זיין מוח, און ער קען די זאַך זען ווי אַ לעבעדיגע בילד, נאָר אויך פון אַן אידעע, וואָס ווערט געשאַפן אין זיין מוח, קען ער זיך אויסמאָלן אַ בילד פון וואָס ער דענקט, און דאָס פירט אים צו זיין ציל, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט אין זיין געדאַנק. דאָס העלפט דעם שריפטשטעלער אָנצושרייבן זיין ווערק, דאָס העלפט דעם מוזיקער צו שאַפן אַ נייע קאָמפּאָזיציע, און דעם דענקער צו שאַפן אַ נייע פילאָסאָפישע טעאָריע.

אָבער ווי שטאַרק זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט זאָל ניט זיין, וועט ער זיך ניט פאָרשטעלן אַ זאַך, וואָס ער זאָל וועלן דורכפירן, אויב די זאַך איז ווייט פון דער

מעגליכקייט דורכצופירן; און אויב עס וועט זיך אים פאָרשטעלן אַזאַ זאַך וואָס איז אוממעגליך, וועט זיין פאַרשטאַנד אָנווייזן אים, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ פאַנטאַזיע.

צום באַדויערן, זען מיר אָפט אַ מענטשן, וואָס האָט אַ שטאַרקע פאָרשטעלונגס־קראַפט, אָבער ער קען דאָס ניט קאָנטראָלירן פאַרשטענדליך, און דאָס פאַרפירט אים אין פאַנטאַסטישע וועלטן, און ער טוט אָפּ די גרעסטע נאַרישקייטן, און עס טרעפט, אַז זיין פאַנטאַזיע זאָל אים אַריינפירן אין אומגליקן.

אויב מיר ווילן ווערן אַביסל קליגער, געלערנ־טער און פּראַקטישער, ווילן מיר ניט נאָכפאָלגן אונ־זער פאָרשטעלונגס־קראַפט צו שנעל. מיר ווילן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אויסרעכענען, אויב די פאָרשטעלונג שטימט מיט דער ווירקליכ־קייט און מיט די מעגליכקייטן.

## קאַפּיטל זעקס

# אויפמערקזאַמקייט

אויפמערקזאַמקייט מיינט צו קאָנצענטרירן איַנ־גאַנצן אונזערע געדאַנקען אויף אַ געוויסן געגנשטאַנד. ווען מיר לערנען אָדער מיר לעזן, ווען מיר הערן אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך, אָדער מיר טוען אַ געוויסע אַרבעט, דאַרפן מיר קענען קאָנצענטרירן אונזערע געדאַנקען, אַז מיר זאָלן טראַכטן נאָר וועגן דעם געגנשטאַנד, וואָס פאַר אונז.

אויפמערקזאַמקייט איז אַ וויכטיגע פאָדערונג אין אונזער לעבן; אין קיין זאַך קענען מיר ניט זיין ערפאָלגרייך, אויב מיר געבן ניט אָפּ אינגאַנצן אונזער אויפמערקזאַמקייט צו דער זאַך.

די אויפמערקזאַמקייט העלפט אונז צו פאַרשטיין די זאַך טיף און קלאָר, דאָס מאַכט אויף אונז אַ טיפערן איינדרוק, און וואָס טיפער דער איינדרוק, אַלץ שטאַרקער און לענגער וועט דאָס פאַרבלייבן אין אונזער זכרון. און מיר וועלן באַרייכערן אונזער אוצר פון וויסן, און וואָס מער מיר וועלן וויסן, אַלץ מער וועט אַנטוויקלט ווערן אונזער אויפמערק־זאַמקייט.

ניט נאָר אין אונזער דענקען שפּילט די אויפ־מערקזאַמקייט אַ וויכטיגע ראָלע, נאָר דאָס האָט אויך אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אונזערע געפילן. ווען מיר ליידן פון אַ קערפּערליכן ווייטאָג, און מיר ווען נעמען לערנען אָדער לעזן עפּעס מיט אַ טיפער אויפמערקזאַמקייט, וועלן מיר ניט פילן אַזוי שטאַרק דעם ווייטאָג, און אַמאָל קען טרעפן, אַז מען זאָל אינגאַנצן ניט פילן דעם ווייטאָג.

מיר דאַרפן אָבער וויסן, אַז אויפמערקזאַמקייט איז פאַראַן אַ פּאַסיווע און אַן אַקטיווע. פּאַסיווע אויפמערקזאַמקייט ווערט אָנגערופן, ווען די זאַך אַליין רופט אַרויס אין אונז די אויפמערקזאַמקייט, ווייל דאָס האָט אונז אינטערעסירט; און אַקטיווע אויפמערקזאַמקייט מיינט, ווען מיר מוזן זיך אָנ־שטרענגען צו קאָנצענטרירן אינגאַנצן דעם מוח, און אום צו קענען דאָס דורכפירן, מוז מען באַזיצן אַ שטאַרקן ווילן. שטאַרקע אויפמערקזאַמקייט איז טאַקע אַ שטריך פון אַ שטאַרקן ווילן.

דער קלוגער מענטש באַזיצט די פעיגקייט צו זיין אין יעדער זאַך פולקאָם אויפמערקזאַם, און דאָס האָט אים געהאָלפן אויסצונוצן זיינע פעיגקייטן אין אַלץ וואָס ער טוט, און צו ווערן דאָס וואָס ער איז.

צום באַדויערן זעען מיר פיל מענטשן, וואָס בײַ זיי איז ניט אַנטוויקלט די פעיגקייט צו קענען קאָנצענטרירן זייערע געדאַנקען אויף איין געגנשטאַנד. און גאַנץ אָפט איז דאָס ניט נאָר אַ שטערונג צו זייער ערפאָלג, נאָר דאָס מאַכט זיי אויסצוזען נאַריש אין די אויגן פון אַנדערע.

מען קען אָבער דעם פעלער פאַרריכטן. מען דאַרף נאָר אַביסל אָנשטרענגען זיך, טראַכטן נאָר וועגן דעם געגנשטאַנד, מיט וועלכן מען איז אין דעם מאָמענט באַשעפטיגט.

# קאַפּיטל זיבן

# ווילנס־קראַפט

ווען אונזער פאַרשטאַנד און אונזערע געפילן דיקטירן אונז צו טאָן אַ געוויסע זאַך, קומט אונזער ווילן און פירט דאָס דורך.

איינע פון די שענסטע און וויכטיגסטע אייגנשאַפטן פון אַ מענטשן איז אַ שטאַרקער ווילן מיט אַ פעסטער באַשלאָסנהייט און מיט אַ זעלבשטענדיקייט צו קענען פאַרלאָזן זיך אויף די אייגענע קרעפטן.

אַ מענטש אָן אַ ווילנס־קראַפט איז גלייך צו אַ שיף אָן אַ רודער, וועלכע ווערט געוואָרפן אין אַלע זייטן פון יעדן ווינט, און גייט אַראָפּ פון גלייכן וועג.

דער קלוגער מענטש באַזיצט טאַקע אַ ווילנס־קראַפט, און דאָס העלפט אים אימער צו דערגרייכן זיין ציל.

צום באַדויערן זעען מיר גאַנץ אָפט פעיגע מענטשן מיט אַ שוואַכן ווילן. זייער פאַרשטאַנד און זייערע געפילן דיקטירן זיי צו טאָן אַ געוויסע זאַך, אָבער זיי פעלט דער שטאַרקער ווילן דורכצופירן דאָס. דעריבער איז נויטיג צו אַנטוויקלען און שטאַרקן אונזער ווילנס־קראַפט.

און מיר דאַרפן האָבן אין זינען, אַז אונזער ווילן איז ניט אינגאַנצן פריי. אַ גרויסער טייל פון אונזער ווילן איז אַ מעכאַנישער אויסדרוק פון דער ירושה, וואָס קומט צו אונז פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס הייסט, אַז צו אונז גייען איבער בירושה פילע פון אונזערע נייגונגען און פאַרלאַנגען, דעריבער מוזן מיר געוויס אַנטוויקלען אַ שטאַרקן ווילן, אום צו קענען דורכפירן נייע פּראָגרעסיווע שטרעבונגען און אידעען, און ניט לעבן נאָר מיט דעם, וואָס די ירושה ברענגט אונז.

אויך דאַרפן מיר ניט פאַרגעסן, אַז אין אונזער אומגערעכטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָרדענונג ווערט אונזער ווילן געשטערט אויף יעדן טראָט אויף יעדן געביט, דעריבער מוזן מיר באַזיצן אַ שטאַרקן ווילן אום צו קענען קעמפן מוטיג מיט אָפענע אויגן און מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד ביז מיר קענען פאַרווירקליכן אונזערע שטרעבונגען.

מיר מוזן אָבער געדענקען, אַז אונזער ווילנס־קראַפט דאַרף קאָנטראָלירט ווערן פון אונזער פאַר־שטאַנד און פון אונזערע מאָראַלישע פליכטן.

ווען איינער איז אָן פאַרשטאַנד איינגעשפּאַרט דורכצופירן אַ זאַך, וואָס איז ניט לאָגיש און ניט מאָ־

ראַליש, אַזאַ זאַך, וואָס קען זיין שעדליך פאַר אים אַליין, אָדער פאַר אַ צווייטן, איז אַזאַ ווילנס־קראַפט ניט מער ווי אַ ווילדע צעלאָזנקייט. דער מענטש דאַרף אַנטוויקלען אין זיך אַ גוטן ווילן. דאָס מיינט אַ ווילן, וואָס שטרעבט צו גוטע רעזולטאַטן, גוט פאַר זיך און גוט פאַר אַנדערע.

עס טרעפט אַמאָל, אַז עס דערוועקט זיך אין אונז אַ וואונטש צו דערגרייכן אַ זאַך, ניט רעכענענדיג זיך מיט די אַרומיגע אומשטענדן, און מיט די רעזולטאַטן וואָס דאָס קען ברענגען, דאַן קומט אונזער גוטער ווילן און עפנט פאַר אונז אַ פאַנאָראַמע פון אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט אונזער וואונטש, און דאָס קען אונז פאַרהיטן פון שלעכטס.

אויך דאַרפן מיר פאַרשטיין, אַז אַ ווילנס־קראַפט פאָדערט זיך ניט נאָר צוליב טאָן גוטע זאַכן און דורכצופירן נאָבעלע טאַטן, נאָר נאָך מער פאָדערט זיך אַ שטאַרקער ווילן ניט צו טאָן, וואָס מען דאַרף ניט טאָן. אונזער גוטער ווילן דאַרף אין אונז אַנט־וויקלען אַ שטאַרקע ווידערשטאַנדס־קראַפט צו קענען באַקעמפן אונזערע שלעכטע נייגונגען און אויסערליכע רייצונגען.

אויב מיר וועלן באַזיצן אַ שטאַרקן גוטן ווילן,

וועלן מיר קענען קאָנצענטרירן אונזערע פעיגקייטן און אָפּגעבן אינגאַנצן אונזער אויפמערקזאַמקייט צון דער זאַך, וואָס מיר ווילן דערגרייכן, און דאַן וועלן מיר די זאַך פאַרשטיין גרינטליך, און מיר וועל קענען גרינגער דערגרייכן אונזערע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען.

# קאַפּיטל אַכט

## אונזער דענקונגס־קראַפט

יעדער מענטש ווייס, וואָס עס מיינט דער וואָרט „דענקען", אָבער ניט יעדערער ווייס, אַז דענקען ווי געהעריג, און אַרויסגעבן די געדאַנקען ווי געהעריג, איז אַ שווערע אויפגאַבע. לאָגיק דאַרף זיין דער פונדאַמענט פון אונזער דענקען. דאָס מיינט, אַז אין יעדער פראַגע וואָס מיר באַהאַנדלען, דאַרף דער פאַרשטאַנד אַרבעטן מיט דער הילף פון פּאַסענדע ריכטיגע באַווייזן, וועלכע דאַרפן פירן צו קלאָרע איבערצייגונגען און צו אַ שׂכל'דיגן אורטייל, און ברענגען צום ריכטיגן שלוס.

מען דאַרף קענען פאַרגלייכן פאַקטן, אָדער אי־דעען און טעאָריעס, און זען אין וועלכע פּונקטן זיי זיינען גלייך, און אין וועלכע זיי זיינען פאַרשיידן.

מען דאַרף קענען אַנאַליזירן יעדע זאַך, אַ גאַנצע זאַך צעגלידערן אויף אַלע אירע טיילן, און זען וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט יעדער טייל איינער אויפ'ן צווייטן.

מען דאַרף זיין פעיג צו נעמען אַ טעזיס, דאָס מיינט, אַ באַשטימטע באַהויפּטונג, און אַן אַנטיטעזיס,

וואָס האָט אַ געננעזעצטע באַדייטונג, און פון זיי ביידן שאַפן אַ סינטעזיס, דאָס מיינט, אַ צוזאַמענ־זעצונג, אַ דריטע זאַך, וואָס אַנטהאַלט געוויסע טיילן פון די ערשטע צוויי.

ווען איר הערט אַ קלוגן מענטשן ריידן, אויב איר זייט אַ מבין, וועט איר באַמערקן, אַז ער דענקט לאָגיש און ער רעדט לאָגיש.

וועלכע פּראָבלעמע דאָס וועט ניט זיין, וועט ער געפינען דעם אָנפאַנג דערפון, וועט נאָכפאָלגן די אַנטוויקלונג דערפון, און קומען צום ריכטיגן באַשלוס.

ווען ער פאַרגלייכט איין זאַך מיט אַ צווייטער, איז דער פאַרגלייך אַ ריכטיגער, אַ שׂכל'דיגער.

ער קען קאָמבינירן פאַרשיידענע טעאָריעס אָדער אידעען. ער קען נעמען פילע איינצעלנע פאַלן און קומען צו איין אַלגעמיינעם שלוס, אָדער ער נעמט פון איין פּרינציפּ און לערנט דערפון אָפּ אויף באַזונדערע איינצעלנע פאַלן.

און אַלע זיינע באַווייזן זיינען קלאָר, זיינע אַרגו־מענטן זיינען קורץ און דייטליך, און איר מוזט צו־געבן, אַז דער מענטש דענקט לאָגיש, און אַז ער פאַרדינט דעם נאָמען „קלוגער".

די פעיגקייט צו דענקען איז ווירקליך די גרעסטע און שענסטע מתּנה, מיט וועלכער דער מענטש איז באַשאָנקען, אָבער צום באַדויערן, דער גרעסטער טייל מענטשן פאַרנאכלעסיגט די מתּנה.

מיר האָבן אַ גוטע פידל, און קענען ניט שפּילן.

אין מוח זיינען פאַראַן צעלן, וועלכע דאַרפן אַנט־וויקלט ווערן אַזוי ווי אַלע אַנדערע טיילן פון אונזער קערפּער ווערן אַנטוויקלט; און אין די לעצטע יאָרן האָבן אויטאָריטעטן אויסגעפונען, אונטערזוכנדיג טויטע קערפּערס, אַז ביי פילע מענטשן איז אַ גרוי־סער טייל פון די צעלן אבסאָלוט ניט אַנטוויקלט, און די צעלן האָבן ניט געקאָנט פונקציאָנירן ווי גע־העריג אין דעם פּראָצעס פון דענקען.

אום צו קענען דענקען ווי געהעריג, אין דעם פולן זין פון דעם וואָרט, מוז מען אונזער דענקונגס־פעיג־קייט אַנטוויקלען.

ווען מיר הערן, אָדער מיר לעזן אַ צווייטנס גע־דאַנק, דאַרפן מיר פאַרטיפן זיך אין דעם געדאַנק, אַריינדרינגען און אויסגעפינען די אינערליכע מיינונג, ווייל יעדער ערנסטער וויכטיגער געדאַנק האָט זיין קערפּער און זיין נשמה. דער קערפּער איז דאָס,

וואָס מיר זעען אויבערפלעכליך, און די נשמה איז די טיפערע מיינונג.

אָט אַזוי דאַרפן מיר לערנען פון מענטשן און פון ביכער. און לערנען דאַרפן מיר אין אונזער גאַנצן לעבן. וואָס מער מיר לערנען, אַלץ מער וועלן מיר פעיג זיין צו טראַכטן לאָגיש און צו ריידן לאָגיש, און דאָס וועט אונז מאַכן קליגער.

## קאַפּיטל ניין
# די געפילן אין אַלגעמיין

אונזערע געפילן, ווי צום ביישפּיל, געפילן פון ליבע און האַס, פון פרייד און טרויער, פון האָפנונג און פאַרצווייפלונג, און דאָס גלייכן, זיינען אָפּט די באַוועגונגס־קראַפּט אין אונזערע טאַטן. זיי טרייבן אונז צו טאָן געוויסע זאַכן. אייניגע געפילן פירן אונז צו טאָן גוטע זאַכן, ווי צום ביישפּיל, דער געפיל פון רחמנות, פון מיטלייד; און אייניגע געפילן פירן אונז צו שלעכטע טאַטן, ווי צום ביישפּיל, דער געפיל פון האַס.

און עס טרעפט אָפּט, אַז אין אונזערע געפילן קומען פאָר קאָנפליקטן, אַ מלחמה צווישן די שלעכ־טע געפילן און די גוטע געפילן. צום ביישפּיל, ווען איינער האָט אונז שלעכטס געטאָן, קומט דער שלעכטער געפיל פון ראַכע, און דיקטירט אונז צו באַצאָלן מיט שלעכטס, שטעלט זיך אַנטקייגן דער גוטער געפיל פון מיטלייד צום פאַרברעכער אַלס צו אַ גייסטיג־קראַנקען מענטשן, וועלכער דאַרף האָבן אַ היילונג און ניט אַ שטראָף.

אָדער, ווען עס דערוועקט זיך אין אונז אַ געפיל

פון רחמנות, פון מענטשן־ליבע, עס ווילט זיך טאָן דעם צווייטן אַ גוטע זאַך, נאָר דאָ שטעלט זיך אַנט־קייגן אונזער שטאַרקער געפיל פון אייגנליבע, פון עגאָאיזם, און לאָזט אונז ניט דורכפירן אונזער גוטן ווילן.

דער קלוגער מענטש איז דער הערשער איבער זיינע געפילן. זיין שטאַרקער פאַרשטאַנד, זיין קלוגע דענקונגס־קראַפט, און זיין שיינער באַגריף וועגן מענטשליכקייט, וועלן אים ניט דערלאָזן נאָכצו־פאָלגן זיינע געפילן, אויב זיי קענען פירן צו שלעכטע רעזולטאַטן פאַר אים אַליין אָדער פאַר אַנדערע.

ווען מיר וועלן אַביסל קליגער ווערן, וועלן מיר זען ווי מיר זיינען פאַרשקלאַפט צו אונזערע געפילן, איבערהויפּט אונזער שטאַרקער געפיל פון עגאָאיזם. ער באַקעמפט אין אונז ניט נאָר דעם געפיל פון מיט־לייד, פון רחמנות, נאָר ער באַקעמפט אויך דעם געפיל פון יושר, פין גערעכטיגקייט. און דאָס טרעפט ניט נאָר צווישן פרעמדע מענטשן, נאָר אויך צווישן אייגענע מענטשן, אפילו צווישן מאַן און ווייב, וואו מען האָט ליב איינער דעם צווייטן. מיר זעען אָפט ווי די ליבע פון איינעם צום צווייטן דריקט זיך אויס אין אַן אומבאַגרעניצטן עגאָאיזם. אום צופרידן שטעלן

דעם אייגענעם ווילן, איז מען גרייט אונטערצודריקן דעם צווייטנס ווילן. מען פֿאָדערט פֿון דעם צווייטן אינגאַנצן אונטערצודריקן דעם אייגענעם ווילן.

דעריבּער מוזן אונזערע געפֿילן קאָנטראָלירט ווערן פֿון אונזער פֿאַרשטאַנד און פֿון אונזערע מאָ־ראַלישע פֿליכטן.

דער מענטש, וואָס לאָזט זיך פֿאַרפֿירן דורך זיינע געפֿילן אַליין, קען אָפּטאָן אַזעלכע זאַכן, וואָס נאָר אַ משוגענער אָדער אַ שיכּור׳ער קען דאָס טאָן.

און ווען מיר וועלן אַבּיסל קליגער ווערן, וועלן מיר געוויס ניט וועלן אויסזען אַזוי.

## קאַפּיטל צען

# דער עסטעטישער געפיל

דער עסטעטישער געפיל וועקט אין אונז אַ ליבע צו אַלץ וואָס איז שיין.

ביי דעם קלוגן מענטשן איז אָטדער געפיל אויך שטאַרק אַנטוויקלט. ווען ער קוקט אויף אַ שיינער לאַנדשאַפט, ווען ער זעט שיינע בלומען, ווען ער זעט שיינע באַשעפענישן, אָדער ווען ער הערט שיינע מוזיקאַלישע קלאַנגען, פאַרשאַפט עס אים אַ טיפן גייסטיגן פאַרגעניגן.

און אָטדער פאַרגעניגן באַרייכערט זיין גייסטיגקייט. דורך זען און הערן דרינגט אַריין די שיינקייט טיף אין זיין נשמה, רייסט אים אָפּ פון דעם אַלטעגליכן לעבן, טראָגט אים איבער אין העכערע, שענערע וועלטן, און וועקט אין אים שיינע געפילן און נאָבעלע געדאַנקען. אָטדאָס איז דער אמת'ער עסטעטישער געפיל.

ביי פילע מענטשן איז דער עסטעטישער געפיל אינגאַנצן ניט אַנטוויקלט, אָדער אַנטוויקלט אַ גראָבער, אַ וואולגאַרער געשמאַק פאַר שיינקייט. זיי קענען זיצן שטונדן לאַנג און צוהערן זיך צו מוזיק,

וואָס לעכערט דעם קאָפּ און רייצט די נערוון. זיי קענען זיך אָנפּאַרבן ווי ווילדע מענטשן, און דענקען, אַז דאָס איז שיינקייט.

ווען מיר וועלן ווערן אַ ביסל מער געבילדעטער, און אַ ביסל קליגער, וועלן מיר פאַרשטיין, וואָס עס מיינט ריכטיגע שיינקייט. און מיר וועלן גענישן דעם גייסטיגן פאַרגעניגן פון דעם עסטעטישן געפיל.

## קאַפּיטל עלף
# דער רעליגיעזער געפיל

דער רעליגיעזער געפיל ליגט אין דער נאַטור פון מענטשן. אָטדער געפיל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, און פאַרנעמט נאָך איצטער אויך אַ וויכטיגן פּלאַץ אין אונזער לעבן.

מיר מוזן אָבער פאַרשטיין וואָס מיינט רעליגיאָן און ווער קען אָנגערופן ווערן „רעליגיעזער מענטש".

רעליגיאָן מיינט גלויבן און פאָלגן. גלויבן אין אַן אַלערהעכסטער קראַפט, וואָס מען רופט „גאָט", און פאָלגן די געבאָט, וואָס די רעליגיאָן פאָדערט פון דעם מענטשן.

רעליגיאָן פאָדערט צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז דער מענטש זאָל אין זיין פּערזענליכן לעבן ניט לאָזן זיך פאַרפירן פון זיינע אינסטינקטן אוןליידנשאַפטן; און צווייטנס, אַז אונזערע באַציאונגען צו מענטשן זאָלן זיין מיט גערעכטיגקייט און ליבע.

אויסער אָטדי הויפּט פּרינציפּן פון רעליגיאָן זיינען פאַראַן רעליגיעזע טראַדיציעס און צערעמאָניעס, וועלכע דאַרפן וועקן אין דעם מענטשן דעם העכערן

רעליגיעזן געפיל, און דערמאנען אים, אַז ער דאַרף אָפּהיטן די הויפּט פּרינציפּן פון דער רעליגיאָן.

דער ערנסטער רעליגיעזער מענטש איז נאַאיוו אין זיין גלויבן. ער פרעגט ניט קיין פראַגן. ער גלויבט און ער באַנוגנט זיך ניט מיט די רעליגיעזע טראַדיציעס אַליין, נאָר ער היט אויך אָפּ די הויפּט פּרינציפּן פון דער רעליגיאָן, סיי אין זיין פּערזענליכן לעבן און סיי אין זיינע באַציאונגען צו מענטשן.

און ווען אַזאַ מענטש איז אין אַ קריטישן צושטאַנד, און ער דערפילט זיין שוואַכקייט און זיין הילפלאָזיגקייט, בעט ער גאָט, און האָפט, אַז גאָט וועט אים העלפן. אָטדער גלויבן און אָטדי האָפנונג שטאַרקט דעם מענטשן, אַז ער זאָל ניט פאַרצווייפלט ווערן; דאָס דערמוטיגט אים צו לעבן און צו האָפן.

דאָס האָבן מיר גערעדט וועגן דעם דורכשניטליכן ערנסטן רעליגיעזן מענטשן. עס איז אָבער פאַראַן אַ מער באַוואוסטזיניגער באַגריף וועגן רעליגיאָן, וואו ניט נאָר די געפילן, נאָר אויך די געדאַנקען פירן צו רעליגיאָן.

די גרויסע דענקער, וועלכע האָבן אַריינגעדרונגען אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלאך פון דער נאַטור, און זיי באַגרייפן די אַנטוויקלונג פון אַלץ,

וואָס איז באַשאַפן אין דער וועלט, געבן צו, אַז דער אָנפאַנג פון דער שאַפונג איז אומבאַגרייפליך פאַר זיי, און זיי קומען צום באַשלוס, אַז די גאַנצע שאַפונג פון דער וועלט האָט זיך אָנגעפאַנגען פון איין קוואַל, און פון אָטדעם אורקוואַל שטראָמט די אייביגע אַלערהעכסטע קראַפט, וועלכע שאַפט און באַוועגט אַלץ אין דער וועלט. און אָטדעם ערשטן קוואַל רופן מיר „גאָט" און די אַלערהעכסטע קראַפט איז די „גאָטהייט".

און דער דענקער דערפילט און פאַרשטייט, אַז דער מענטש איז באַשאָנקען מיט אַ טייל פון אָטדער אייביגער אַלערהעכסטער קראַפט, אום דער מענטש זאָל זיין אַ מיטהעלפער צו דעם שעפער אין זיינע שאַפונגען, צו העלפן שאַפן, און דאָס געשאַפענע אויסצובעסערן און האַלטן אין גוטער אָרדענונג, אַז די גאַנצע מענטשהייט, אַלע גאָטס קינדער, זאָלן קענען געניסן פון דעם געשאַפענעם.

אָטדאָס איז דעם קלוגנס באַגריף וועגן רעליגיאָן. דאָס איז זיין גלויבן. דאָס איז ניט קיין בלינדער גלויבן, נאָר אַ גלויבן, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ פעסטער איבערצייגונג, וועלכע ער דערגרייכט דורך לערנען און טיפן דענקען.

און זיין גלויבן פירט אים צו דער שענסטער אויפ־פירונג אין זיין פּערזענליכן לעבן, און אין זיינע באַ־ציאונגען צו אַלע מענטשן. זיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט ליבע צו אַלעמען. אפילו צו די זינדיגע פילט ער ניט קיין האַס, נאָר ער האָט מיטלייד מיט זיי, וואָס זיי זיינען בלינד און זעען ניט דעם ריכטיגן וועג.

און ווען אַזאַ מענטש גיסט אויס זיין האַרץ אין אַ גאָטס־געבעט, איז זיין תּפלה אַן עסטעטיש־פּאָעטיש־פילאָסאָפישע תּפלה, וועלכע שטראָמט פון די טיפע־ניש פון זיין זעלע; וועלכע באַפרייט אים פון דער קאַלטער ערדישער אומגעבונג, און זיין נשמה הויבט זיך אַלץ העכער און העכער, און מיט אַ טיפער באַ־גייסטערונג, מיט אַ האַרציגער ליבע פאַראייניגט זיך די נשמה מיט דער גאָטהייט, און דער מענטש אַליין ווערט געטליך.

אַזאַ רעליגיעזער באַגריף שאַפט פאַר דעם מענטשן אַ העכערן לעבנס־ווערט, דאָס שאַפט פאַר דעם מענטשן אַ גייסטיגע וועלט, וואו די נשמה פילט זיך פריי, און קען אַריינדרינגען אַהין, וואהין אונזער שכל קען ניט צוקומען. זי, די נשמה, שאַפט פאַר אונז דאָס שענסטע און העכסטע אין לעבן.

ווער זיינען אָבער דער גרעסטער טייל מענטשן, וועלכע רופּן זיך רעליגיעזע מענטשן?

אייניגע זיינען גאַנץ ערנסט, אָבער זיי פאַרשטייען ניט די הויפּט־לערע פון רעליגיאָן. זיי באַנוגענען זיך נאָר מיט געוויסע צערעמאָניעס און טראַדיציעס, און מיינען, אַז דאָס איז רעליגיאָן.

אייניגע זיינען איינפאַך היפּאָקריטן, מאַסקירן זיך אַלס רעליגיעזע מענטשן צוליב פּרנסה אָדער צוליב כבוד.

מיט איין וואָרט, מענטשן נעמען אַזאַ הייליגן, שיינעם באַגריף ווי רעליגיאָן און פאַרשוועכן אים, נאַרן די וועלט און מאַכן זיך אַליין נאַריש.

ווען מיר וועלן קליגער ווערן, וועלן מיר מער לערנען, מער וויסן, מער פאַרשטיין, טיפער דענקען און שענער פילן. דאַן וועט אונזער רעליגיעזער געפיל אויסדריקן זיך אין אַ שיינער פאָרם.

## קאַפּיטל צוועלף

# פריי־דענקען

דענקען פריי מיינט אַנאַליזירן און קריטיקירן יעדע אידעע, יעדע טעאָריע און יעדן גלויבן.

דער פרייער געדאַנק און דאָס צווייפלען פון מענטשן האָבן געבראַכט און ברענגען פּראָגרעס אויף דער וועלט.

דער קלוגער מענטש קען זיין אפילו רעליגיעז געזאנען, אין דעם העכערן זין פון דעם וואָרט, און דאָך דענקען פריי.

דער קלוגער מענטש ווייס אָבער, אַז אום צו פאַרדינען דעם נאָמען פריי־דענקער, מוז מען לערנען אום צו וויסן ווי אַזוי צו דענקען און וועגן וואָס צו דענקען. יעדע פראַגע וואָס ער וויל אַנאַלי־זירן, וועט ער פריער גוט שטודירן אַלזייטיג.

געוועגליך אָבער באַגעגענען מיר מענטשן, וועלכע רעכענען זיך פאַר פריי־דענקער, און זיי באַזיצן ניט די קענטעניש, וואָס אַזאַ דענקען פאָ־דערט. אַזעלכע מענטשן, ווען זיי ריידן וועגן רעליג־יאָן, וועגן פרייען געדאַנק, אָדער וועגן רעפאָרמען

אין געזעלשאַפטליכן לעבן, ווייזן זיי אַרויס זייער אומוויסנהייט.

זייער וועלט־אָנשויאונג איז געבויט אָן אַ פונדאַמענט, און זיי האָבן ניט דעם מאַטעריאַל פון וואָס צו בויען אַ פעסטע וועלט־אָנשויאונג. און דאָך רעדט מען מיט זיכערהייט ווי גרויסע אויטאָריטעטן, און מען מאַכט זיך נאָר לעכערליך און נאַריש.

ווען מיר וועלן ווערן אַביסל קליגער און געבילדעטער, וועלן מיר פאַרשטיין, אַז אום צו זיין אַ פריידענקער איז ניט גענוג אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך אַלע פליכטן פון רעליגיאָן, און טאָן אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט, נאָר מען מוז לערנען און לאָגיש דענקען וועגן די פּראָבלעמען, פון וועלכע אונזער וועלט־אָנשויאונג דאַרף צוזאַמענגעשטעלט ווערן.

## קאַפּיטל דרייצן

## גייסטיגע פרייהייט

פרייהייט איז אַ נויטווענדיקייט ניט נאָר אין אונ־זער דענקען, נאָר אויך אין אונזער אַלטעגליכן פּראַקטישן לעבן.

מענטשן דאַרפן שטרעבן צו קענען האָבן פול־קאָמע פרייהייט, וועלכע זאָל זיין פאַרבונדן מיט מאָראַלישע פליכטן, מיט הומאַנע פרינציפּן.

איבערהויפּט איז וויכטיג, אַז דער מענטש זאָל באַזיצן אַ גייסטיגע פרייהייט, אַז ער זאָל ניט פאַר־שקלאַפן זיין גייסט, זיין „איך", ער זאָל ניט אונטער־דריקן זיין געווויסן, זיינע פרינציפּן און ז'ין גלויבן צו ליב מאַטעריעלע צוועקן.

דער קלוגער מענטש באַזיצט די פולקאָמע גייס־טיגע פרייהייט, וועלכע קען ניט געשטערט ווערן פון קיינע אומשטענדן, סיי פון שלעכטע און סיי פון גוטע. קיינע אומשטענדן קענען ניט פאַרשקלאַפן זיין גייס־טיגע פרייהייט. ער ווייס ניט פון קאָמפּראָמיסן, ער בלייבט אימער געטריי זיינע פרינציפּן, זיינע אידע־אַלן און זיינע שטרעבונגען.

דער גרעסטער טייל מענטשן אָבער פאַרשטייט ניט ווי צו שאַצן די גייסטיגע פרייהייט. זיי זיינען גרייט צו פאַרשקלאַפן זיך ניט נאָר קערפּערליך נאָר אויך גייסטיג, אַמאָל צוליב מאַטעריעלע צוועקן, און אַמאָל נאָר צו געפעלן ווערן אַנדערע, פאַרבייגן זיי די פאָדערונגען פון זייער אייגענער נשמה. זיי פאַר־שוועכן דאָס הייליגסטע, וואָס איז איינגעוואָרצלט אין זייער האַרצן.

שקלאַפעריי אין אַלגעמיין איז אַ שלעכטע זאַך, און די גייסטיגע שקלאַפעריי איז די העסליכסטע און שעדליכסטע פאַר דער מענטשהייט.

ווען מענטשן וועלן קליגער ווערן, וועלן זיי וויסן ווי צו שאַצן די גייסטיגע פרייהייט. און זיי וועלן פאַר־שטיין, אַז אין אונזער אומגערעכטער געזעלשאַפט־ליכער אָרדענונג איז שווער אָפּצוהיטן די גייסטיגע פרייהייט. די קאַפּיטאַליסטישע וועלט פאַרשקלאַפט ניט נאָר דעם מענטשנ׳ס קערפּער, נאָר אויך זיין גייסט. צוליב אַ שטיקל ברויט צווינגט מען צו אַרבעטן געגן דעם אייגענעם געוויסן.

מען דאַרף האָבן אַ מענטשן מיט אַ שטאַרקן כאַ־ראַקטער, אַז ער זאָל קענען אָפּהיטן זיין גייסטיגע פרייהייט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט.

## קאַפּיטל פּירצן

# אָפּטימיזם און פּעסימיזם

עס זיינען פאַראַן מענטשן אָפּטימיסטן און פּעסי־מיסטן. דער אָפּטימיסט זעט אין אַלץ די גוטע זייט, ער האָט ליב דעם לעבן, און ער איז פול מיט האָפּ־נונגען; און דער פּעסימיסט זעט אין אַלץ נאָר די שלעכטע זייט, ער האַסט דעם לעבן, און ערוואַרט אימער דאָס ערגסטע.

די וויסנשאַפט דערקלערט, אַז דער פּעסימיסט איז גייסטיג קראַנק. דער געזונטער, נאָרמאַלער מענטש איז אָפּטימיסטיש.

דעריבער איז דער קלוגער אָפּטימיסטיש. סיי ער איז רעליגיעז און סיי ער איז פריי־געזונען, געפינט ער אין אַלץ די גוטע זייטן, סיי אין דער וועלט און מענטשן און סיי אין זיין פּערזענליכן לעבן. ער זעט די אומגערעכטיגקייט אין דער וועלט, ער פילט די ליידן פון דער מענטשהייט, זוכט ער מיטלען צו פאַרגרינגערן, צו פאַרבעסערן. ער פּראָטעסטירט און קעמפט געגן שלעכטס, אָבער ער ווערט ניט אַנ־טוישט. ער ווערט ניט פּעסעמיסטיש. און אין זיין פּערזענליכן לעבן, אפילו אונטער שלעכטע אומ־

שטענדן, געפינט ער אימער גייסטיגע גליקזעליקייט און צופרידנהייט. מיט זיין טיפן דענקען, און מיט זיינע שיינע געפילן קען ער זיך אויפהויבן פון אַל־טעגליכן לעבן, און געפינען אינטערעס אין העכערע גייסטיגע וועלטן, וואו זיין האַרץ ווערט באַרואיגט און זיין גייסט ווערט געקרעפטיגט צו לעבן, צו קעמפן און צו האָפן.

ווען מענטשן וועלן קליגער ווערן, וועלן זיי האָבן אַ ריכטיגן באַגריף פון אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, מען וועט פאַרשטיין, אַז פילע פון אונ־אונזערע צרות קענען אויסגעמידן ווערן אין אַ בעסערער געזעלשאַפטליכער אָרדענונג.

## קאַפּיטל פופצן

# טאַקטפול און טאַקטלאָז

טאַקטיש זיין מיינט אַ פיינע באַנעמונג צווישן מענטשן. מען דאַרף פאַרשטיין ווען צו ריידן, וואָס צו ריידן און ווי אַזוי צו ריידן. מען דאַרף ניט שטעלן דעם צווייטן קיינע פראַגן אין זיינע אינטימע פּער־זענליכע אנגעלעגנהייטן. מען דאַרף ניט געבן קיין עצות, ווען דער צווייטער פרעגט אייך ניט, מען דאַרף ניט אָנהענגען אייגענע מיינונגען אויפ'ן צווייטן, מען דאַרף קענען באַהאַנדלען יעדע פראַגע געלאַ־סענערהייט, קאַלט־בלוטיג. אויב מיר ווילן האָבן דעם גוטן ווילן פון צווייטן, דאַרפן מיר זיין פאָר־זיכטיג ניט צו באַליידיגן מיט אַ וואָרט, און ניט אָנצו־טרעטן אויף יענעמס געפילן.

דאָס איז טאַקע איינע פון די שיינע כאַראַקטע־ריסטיקס פון אַ קלוגן. מיר קענען באַמערקן, אַז ער איז אימער טאַקטפול.

צום באַדויערן זיינען פילע מענטשן אַזוי טאַקט־לאָז, אַז דאָס גרעניצט זיך מיט נאַרישקייט.

און טאַקטיש דאַרף מען זיין ניט נאָר מיט פרעמדע מענטשן, נאָר אויך מיט די גאַנץ נאָענטע. מאַן און

ווייב, עלטערן און קינדער, אויב זיי ווילן האָבן פרידן אין זייער היים, און אויב זיי ווילן ווירקן איינע אויף די אַנדערע, מוזן זיי זיין פולקאָם טאַקטיש איינער צום צווייטן.

אויב מען פאַרלאַנגט עפּעס פון צווייטן, דאַרף מען זיין זיכער, אַז דער פאַרלאַנג איז אַ לאָגישער און גערעכטער, און דאַן דאַרף דער פאַרלאַנג אויס־געדריקט ווערן אין אַ ווייכער, פריינדליכער פאָרם.

אויב מיר ווילן אונזער קינד אַן עצה געבן, פאַר־היטן פון אַ זאַך וואָס איז אונז ניט געפעלן, דאַרפן מיר ריידן אָן שפּאָט, אָן שטעך־ווערטער, ניט לאַכן פון זייערע קינדערשע אידעאַלן, ניט מאַכן קיין פאָרווירפע, נאָר ריידן שטיל, רוהיג. מיט האַרציגער ליבע דאַרפן מיר ערקלערן אונזער מיינונג.

צום אומגליק זיינען פילע פון אונז ניט טאַקטיש. פאַרלאַנגען און עצות ווערן אויסגעדריקט ווי באַ־פעלן פון אַ הערשער. מיט דעם טאָן וואָס מיר ריידן, מיט די ווערטער וואָס מיר זאָגן אַרויס, באַליידיגן מיר דעם צווייטן, און גאַנץ אָפט דערפירט מען צו טרערן, צו בייז בלוט, און אפילו צו האַס. מען מאַכט דעם לעבן אומאנגענעם פאַר זיך און פאַר אַנדערע. אונזער טאַקטלאָזיגקייט איז איינע פון אונזערע

גרעסטע נאַרישקייטן, וועלכע מיר וואָלטן קענען גאַנץ גרינג אויסמיידן. מען דאַרף נאָר אַביסעלע קליגער ווערן.

# קאַפּיטל זעכצן
# פּערזענליכקייט

דער קלוגער מענטש באַזיצט אויך די כאַראַקטעריסטיק, וואָס מען רופט „פּערזענליכקייט”. ער באַגעגנט יעדן מענטשן מיט אַ ליבן בליק און מיט אַ ווייכן ערנסטן וואָרט. זיין געזיכט דריקט אויס זעלבסטווירדע מיט באַשיידנהייט, און דאָס רופט אַרויס אַכטונג צו אים. זיינע פריינדליכע, ערנסטע באַציאונגען מיט גרעסערע און קלענערע פון זיך מאַכן אים באַליבט ביי אַלעמען. ער האָט דעם צוטרוי פון מענטשן. יעדער איינער האָט ליב צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַזאַ מענטשן, צו העלפן אים, און זיין געהאָלפן פון אים.

און מיר דאַרפן געדענקען, אַז פון אונזער פּערזענליכקייט איז פיל אָפּהענגיג אונזער ערפאָלג אין לעבן.

און וואָס זעען מיר צווישן אונזערע באַקאַנטע? ביי דער ערשטער באַגעגעניש מאַכן זיי זיך אָפּשטויסנד מיט זייער ברוגז'דיגן אויסזען און מיט אומעסטעטישע מאַנירן. אָנשטאט זעלבסטווירדע און באַשיידנהייט, ווייזן זיי אַרויס אַמאָל פּוסטע באַרימעריי און נאַרישע

גדלות, און אַמאָל עקלהאַפטע זעלבסט־ערנידריגונג. דאָס אַלץ מאַכט זיי שווער איינצולעבן זיך מיט מענטשן און צו זיין ערפאָלגרייך אין לעבן יעדערער אויף זיין געביט.

ווען מיר וועלן מער אַנטוויקלט ווערן גייסטיג, און מיר וועלן ווערן קליגער, וועלן מיר פאַרשטיין ווי אַזוי צו אַנטוויקלען אין אונז די אייגנשאַפטן פון אַ צו־ציענדער פערזענליכקייט.

## קאַפּיטל זיבעצן

# איז דער בּיבל און אין תּלמוד וועגן קלוגע און נאַראָנים

עס איז אינטערעסאַנט צו זען וואָס די בּיבל און דער תּלמוד האָבן געזאָגט וועגן קלוגע און נאַראָנים. פון זייערע לאַקאָנישע, קורצע שפּריכווערטער, קענען מיר פיל לערנען, און אויסנוצן אין דעם אַל־טעגליכן לעבן. און דאָס וועט אונז העלפן צו ווערן קליגער, און ווי אַזוי ווייניגער אַרויסצואווייזן אונ־זערע נאַרישקייטן, וועלכע יעדער פון אונז בּאַזיצט מער אָדער ווייניגער.

אין דער בּיבל שטייט געשריבן:

החכם עיניו בראשו
והכסיל בחושך הולך.

(קהלת, ב' ד')

דאָס הייסט: דער קלוגער האָט זיינע אויגן אין קאָפּ, און דער נאַר גייט אין דער פינסטער.

דאָס מיינט, אַז דער קלוגער קוקט אויף אַלץ מיט אָפענע אויגן, ער זעט פאַר זיך דעם וועג, אויף וועל־כן ער גייט. ער איז אויסגערעכנט, און ער קען זען פון אָנפאַנג צו וואָס פאַר אַן ענד דאָס קען אים פירן.

אָבער דער נאַר גייט אין דער פינסטער, ניט

פאָראויסזעענדיג וואוהין דער וועג קען אים דער־
פירן.

דערזעלבער געדאַנק וועגן פאָראויסזען און פאָר־
זיכטיגקייט איז אויך פאַראַן אין תלמוד:

איזהו חכם?

הרואה את הנולד.

(תמיד, ל״ב)

דער תלמוד פרעגט: „ווער איז אַ חכם?״, און ער
ענטפערט: „דער וואָס זעט די צוקונפט״, דעם רע־
זולטאַט פון זיינע טאַטן.

און אין אַן אַנדער פלאַץ ווערט געזאָגט אין תלמוד:

חכם עדיף מנביא.

(בבא בתרא, י״ב)

דאָס מיינט, אַז אַ חכם שטייט העכער פון אַ נביא.
אַז זיין פאָראויסזען איז שטאַרקער פון דעם פראָ־
פעט׳ס פראָפעצייאונגען.

צום באַדויערן זעען מיר, אַז ניט נאָר ביי נאַראָנים,
נאָר אויך ביי גאַנץ קלוגע פעלט די פעיגקייט פאָר־
אויסצוזען, גיין זיי אָפּט אין דער פינסטער. זיי זיינען
אומבאַקאַנט מיט דעם וועג, אויף וועלכן זיי נעמען
זיך אונטער צו גיין. פאַלן זיי אַריין אין אַ גרוב, אָדער

פאַרקריכן אין אַ זומפּ, און דאַרפן וואַרטן אויף הילף, אַז מען זאָל קומען און אַרויסשלעפּן זיי.

ווען דער מענטש זאָל זיין אַביסל קליגער, וואָלט ער קענען בעסער פּאָראויסזען, ער וואָלט מער רעכענען זיך מיט דער ווירקליכקייט און מיט די מעגליכקייטן, ער וואָלט זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון זיין פאַנטאַזיע, און וואָלט זיך פאַרהיטן פון פיל צרות.

אין תלמוד געפינען מיר:
איזהו חכם?
–הלומד מכל אדם.
(פּרקי אבות, ד', א')

– ווער איז קלוג? – דער וואָס לערנט פון יעדן מענטשן. דאָס מיינט, אַז דער קלוגער הערט זיך צו צו יעדן מענטשן, אפילו צו אַ קלענערן פון זיך, ווייל דער קלוגער פאַרשטייט, אַז ער קען אַמאָל עפּעס לערנען פון די איינפאַכע ווערטער, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט פון אַ קלענערן פון זיך.

און אין דער ביבל שטייט געשריבן:
אַל תהי חכם בעיניך.
(משלי, ג', ז')

דאָס הייסט, „האַלט זיך ניט פאַר אַ חכם אין דיינע אויגן״.

און נאָך אין אַ פּלאַץ אין דעם זעלבן ספר ווערט געזאָגט:

ראית איש חכם בעיניו,
תקוה לכסיל ממנו.

(משלי, כ״ו, י״ב)

דאָס הייסט, ווען דו זעסט אַ מענטשן, וועלכער קוקט אויף זיך ווי אויף אַ חכם, איז דער נאַר באַרעכטיגט צו בעסערע דערוואַרטונגען.

דער געדאַנק דערפון איז, אַז דער מענטש, וואָס דענקט וועגן זיך, אַז ער איז אַ חכם, אַז ער ווייס און פאַרשטייט אַלץ מער פון אַלעמען, קען דער נאַר האָבן בעסערע האָפנונגען אויף ערפאָלג אין לעבן איידער אַזאַ חכם. ערשטנס, ווייל אַזאַ חכם פאַר־לאָזט זיך צופיל אויף זיין איינגערעדטער חכמה, און טוט אָפּ די גרעסטע נאַרישקייטן; און צווייטנס, ווייל אַזאַ מענטש איז אָפּשטויסנד, מענטשן מיידן אים אויס. מענטשן קענען בעסער פאַרליידן אַ גאַנצן נאַר איידער אָט אַזאַ האַלבן נאַר, וועלכער מיינט, אַז ער ווייסט אַלץ.

ווען דער מענטש וועט קליגער ווערן, וועט ער

וויסן, וויפיל מען דאַרף וויסן, אום צו וויסן, ווי ווייניג מיר ווייסן.

אין דער ביבל געפינען מיר דעם פאָלגענדן זאַץ:

גם אויל מחריש חכם יחשב,
אוטם שפתיו נבון.

(משלי, י"ז, כ"ח)

דאָס מיינט: אויך דער נאַר, ווען ער שווייגט, ווערט פאַר קלוג געהאַלטן, ווער זיינע ליפּן פאַרשליסט, ווערט געהאַלטן פאַר פאַרשטענדיג. דאָס מיינט, אַז שווייגן איז אַ גוטער מיטל צו באַהאַלטן, ניט אַרויסצואווייזן אונזער נאַרישקייט.

און ניט נאָר פאַר אַ נאַר, נאָר פאַר אַלעמען איז בעסער וואָס ווייניגער צו ריידן, און דער קלוגער געדענקט טאַקע דעם שפּריכוואָרט:

ריידן איז זילבער
און שווייגן איז גאָלד.

און אין תלמוד שטייט געשריבן:

סיג לחכמה שתיקה.

(פרקי אבות, ג', י"ז)

— שווייגן איז אַ צוים פאַר חכמה. דאָס מיינט, וואָס

ווייניגער מיר רעדן, אַלץ מער קענען מיר פאַרהיטן די ביסל קלוגהייט, וואָס מיר באַזיצן.

ווען מענטשן זאָלן געדענקען אָטדי אַלע שפּריכ־ווערטער, וואָלט אונז אויסגעקומען צו הערן ווייניגער נאַרישקייטן.

מיט דעם נאַר איז אָבער די צרה, וואָס דוקא ער, וואָס האָט ניט קיין שׂכל צו רעדן, האָט ליב צו רעדן זער פיל. ווי די ביבל זאָגט:

והסכל ירבה דברים.

(קהלת, י׳, י״ד)

דאָס הייסט, דער נאַר רעדט זער פיל.

איצטער וועלן מיר נעמען פון תלמוד אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם קלוגן און דעם נאַר, וואו עס ווערן אָנגעוויזן זיבן כאַראַקטעריסטיקס פון דעם קלוגן און פונקט דאָס פאַרקערטע ביי דעם נאַר.

די זיבן כאַראַקטעריסטיקס פון דעם קלוגן זיינען די פאָלגענדע:

1 חכם אינו מדבר לפני מי שגדול ממנו בחכמה,

2 ואינו נכנס לדברי חברו,

3 ואינו נבהל להשיב,

4 שואל כענין ומשיב כהלכה,

5 ואומר על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון,
6 ועל מה שלא שמע אומר לא שמעתי,
7 ומודה על האמת.
(פרקי אבות, ה׳, י׳)

אויסרעכענענדיג די זיבן כאַראַקטעריסטיקס פון דעם קלוגן, פאַרענדיגט דער תלמוד מיט צוויי ווערטער: „וחלופיהם בגולם" – און פונקט דאָס פאַרקערטע זעען מיר אין דעם גולם. דער וואָרט „גולם" מיינט אייגנטליך: אומגעבילדעט, קולטורלאָז, ניט אַנטוויקלט גייסטיג.

איצטער וועלן מיר איבערזעצן פון העברעאיש און ערקלערן די באַדייטונג דערפון:

ערשטנס, דער חכם רעדט ניט פריער פון דעם, וואָס איז קליגער פון אים. ער לאָזט פריער רעדן דעם גרעסערן פון זיך, און הערן זיין מיינונג.

דער גולם אָבער וואַרט ניט ביז דער גרעסערער פון אים וועט זאָגן זיין מיינונג, נאָר ער שפּרינגט אַרויס דער ערשטער מיט זיין מיינונג.

צווייטנס, דער קלוגער פאַלט ניט אַריין אינמיטן פון צווייטנס רייד. ער לאָזט דעם צווייטן פאַרענדיגן וואָס ער וויל זאָגן.

און דער גולם לאָזט ניט דעם צווייטן פֿאַרענדיגן וואָס ער וויל זאָגן.

דריטנס, דער קלוגער איילט זיך ניט צו ענטפֿערן. ער דענקט פֿריער וואָס און ווי אַזוי צו ענטפֿערן.

און דער גולם ענטפֿערט אויף יעדע פֿראַגע שנעל, ניט באַטראַכט וואָס צו ענטפֿערן, און אַממייגסטן איז זיין ענטפֿער ניט ריכטיג. ווען אַזאַ מענטשן זאָגט די ביבל:

משיב דבר בטרם ישמע
אולת היא לו וכלימה.

(משלי, י״ח, י״ג)

דאָס מיינט, דער וואָס ענטפֿערט אויף אַ זאַך איידער ער האָט עס גוט אויסגעהערט, איז נאַריש און ברענגט שאַנד.

פֿערטנס, ווען מען רעדט אויף אַ געוויסער טעמע, און דער קלוגער האָט עפּעס צו פֿרעגן, איז זיין פֿראַגע אין פּלאַץ, דאָס וואָס האָט צו טאָן מיט דעם ענין וואָס מען רעדט; און ווען מען פֿרעגט אים אַ פֿראַגע, ענטפֿערט ער צום פּונקט, אַ גלייכן ענטפֿער אויף דער געשטעלטער פֿראַגע.

און דער גולם קען אינמיטן אַ געשפּרעך שטעלן

אַ פראַגע, וואָס האָט ניט צו טאָן מיט דעם ענין, וואָס מען רעדט. און ווען מען פרעגט אים, גיט ער אַן ענט־פער, וואָס איז גאָר ניט צוגעפּאַסט צו דער פראַגע.

פינפטנס, אויב אין אַ געשפּרעך ווערן אָנגע־רירט איינִיגע פראַגן, וועלכע האָבן צווישן זיך אַ לאָגישן צוזאַמענבונד, און דער קלוגער וויל רעדן וועגן זיי, וועט ער צוערשט רעדן וועגן דער ערשטער פראַגע, און צולעצט וועגן דער לעצטער פראַגע.

און דער גולם, ווען עס קומען פּאָר איינִיגע פראַגן, וועלכע אַנטוויקלען זיך איינע פון די אַנדערע, און גייען אין אַ לאָגישער אָרדענונג, וועט דער גולם אָנ־פאַנגען פון דער לעצטער פראַגע און וועט אַלעס צונויפמישן אָן אַ לאָגישן צוזאַמענבונד.

זעקסטנס, דער קלוגער, אויב ער פאַרשטייט ניט, שעמט ער זיך ניט, און זאָגט: „איך האָב ניט פאַר־שטאַנען".

און דער גולם וועט קיינמאָל ניט זאָגן, אַז ער פאַר־שטייט ניט. אַמאָל ווייל ער שעמט זיך צו זאָגן, אַז ער פאַרשטייט ניט, און אַממיינסטן, ווייל ער באַגרייפט גאָר ניט, אַז ער פאַרשטייט ניט.

זיבעטנס, דער קלוגער איז אימער מודה אויפ'ן אמת. אויב דעם צווייטנס אַרגומענטן זיינען

ריכטיגער פון זיינע, וועט דער קלוגער אָפּנהאַרציג צוגעבן, אַז דער צווייטער איז גערעכט, און אויב מען דערווייזט אים, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט, וועט ער מודה זיין, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט.

און דער גולם וועט קיינמאָל ניט מודה זיין, אַז דער צווייטער איז גערעכט, ווען ער האָט שוין אפילו באַגריפן, אַז דער אמת איז מיט דעם צווייטן.

אָטדי זיבן כאַראַקטעריסטיקס פון דעם קלוגן און דעם גולם קענען מיר זען הויפּטזעכליך אין אַ דיס־קוסיע, ווען מענטשן באַהאַנדלען אַ געווויסע פראַגע, ווען מען וויל באַלייכטן די פראַגע מיט לאָגישע אַר־גומענטן און קומען צו אַ ריכטיגן באַשלוס.

און צום באַדויערן זען מיר אָטדי פעלערן פון דעם גולם אפילו אין אַ געזעלשאַפט פון אַזוי־גערופענע „אינטעליגענטן", מיט וועלכע מען קען ניט דיסקוטירן קיין פראַגע.

ווען מיר וועלן אַריינגעמען אין זינען די אויבנ־דערמאָנטע זיבן פונקטן, און מיר וועלן זיי אָפּהיטן, וועלן מיר שוין באַדייטנד קליגער ווערן.

## קאַפּיטל אַכצן
# אינטעליגענץ

איך האָב זיך אויבן אויסגעדריקט: „די אַזוי־גערופענע אינטעליגענטן", דאָס מיינט, אַז זיי אַליין רעכענען זיך פאַר אינטעליגענטן, אָדער אַנדערע מיינען, אַז דאָס זיינען אינטעליגענטן. און אין דער ווירקליכקייט פאַרדינען זיי ניט דעם טיטל „אינטעליגענט". צו וואָכעדיק איז געוואָרן דער וואָרט „אינטעליגענט. דאָס איז איינער פון די פילע אַבסטראַקטע ווערטער, וואָס מענטשן געברויכן און ווייסן ניט די ריכטיגע באַדייטונג פון דעם וואָרט.

דער וואָרט „אינטעליגענץ" מיינט פאַרשטאַנד, אורטיילס־קראַפט און שאַרפזיכטיגקייט. און דער מענטש, וועלכן מען קען רופן „אינטעליגענט" דאַרף באַזיצן די פעיגקייט צו באַגרייפן און פאַרשטיין יעדע זאַך ברייט און טיף. ער דאַרף קענען אורטיילן וואָס גוט און וואָס שלעכט, וואָס עס איז רעכט און וואָס עס איז אומרעכט.

און אום צו באַזיצן אָט די אייגנשאַפטן, מוז מען באַזיצן אַן אַנטוויקלטן פּראַקטישן און לאָגישן פאַרשטאַנד; און אום צו האָבן אַזאַ פאַרשטאַנד, דאַרף

דער מענטש זיין אינטעלעקטועל גוט אַנטוויקלט, ער דאַרף באַזיצן אַ געוויסע מאָס בילדונג; און אויסער זיין טעאָרעטישן וויסן דאַרף ער קענען לערנען פון זיינע באָאבאַכטונגען און דערפאַרונגען אין אַלטעג־ליכן לעבן. און ער דאַרף קענען אורטיילן, וועלכע זאַך ער פאַרשטייט קלאָר און דייטליך, און פון וועלכער זאַך ער האָט נאָר אַן אויבערפלעכליכן באַגריף; און אין יעדן פּראָבלעם דאַרף ער קענען אַרומנעמען די זאַך אינגאַנצן, און ניט ווערן באַאיינ־פלוסט פון אַ טייל פון דער זאַך. אָט אַזאַ מענטשן קענען מיר אָנרופן „אינטעליגענט".

און וואָס זעען מיר? ווען מיר וועלן זיך צוהערן צו אַ געשפּרעך פון די מערסטע אַזוי־גערופענע אינ־טעליגענטן, וועלן מיר זיך איבערציייגן, אַז ביי פילע פון זיי פעלן די אויבנדערמאָנטע קוואַליטעטן, וועל־כע מאַכן דעם מענטשן אינטעליגענט. איבערהויפּט פעלט זיי דער אַנטוויקלטער, פּראַקטישער און לאָגישער פאַרשטאַנד. און וואָס מער זיי ליידן פון אָטדעם דעפעקט, אַלץ מער חוצפּה׳דיג זיינען זיי, און אַלץ מער איינגעשפּאַרט זיינען זיי מיט זייערע מיינונגען, און ווייזן אַרויס, אַז זיי זיינען ניט נאָר ניט

אינטעליגענט, נאָר אַז זיי זיינען אומוויסנד און מאַכן זיך נאַריש.

ווען מענטשן וועלן זיך אָפּגעבן מער מיט זעלבסט־קריטיק, ווי מיר האָבן געליינט אין דעם ערשטן קאַפּיטל, וועלן זיי געוויס נאָכפּאָלגן וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אין דעם צווייטן קאַפּיטל וועגן זעלבסט־בילדונג, מען וועט מער לערנען, מער דענקען, און דאַן וועט מען קענען פאַרדינען דעם נאָמען „אינ־טעליגענט".

## קאַפּיטל נײַנצן
# קלוגהייט און מָאראַל

קלוגהייט דאַרף דינען דעם מענטשן צו מאַכן דעם לעבן אינטערעסאַנטער, שענער און באַקוועמער. מען זאָל האָבן אַן אינערליכע רוהיגקייט און גייסטיגע צופרידנהייט; און אַזאַ לעבן קען מען דערגרייכן נאָר דאַן, ווען מען לעבט אַ פולקאָמען מאָראַלישן לעבן.

אַ מאָראַלישער לעבן מיינט, אַז מען זאַל ניט פאַרפירט ווערן פון אינסטינקטן און ליידנשאַפטן, און די באַציאונגען צו מענטשן זאָלן זיין מיט גערעכטיגקייט. מען דאַרף אויף יעדער זאַך קוקן פון אַ מאָראַלישן שטאַנדפונקט, ווען מען וויל אָפּשאַצן ריכטיג וואָס עס איז רעכט און וואָס עס איז אומרעכט, וואָס עס גוט און וואָס עס איז שלעכט.

מיר ווייסן, אַז עס קומען פאָר ענדערונגען אין דעם באַגריף פון מאָראַל, אָבער איין פּרינציפּ מוז בלייבן אומגעענדערט, דאָס איז דער פּרינציפּ פון מענטשן־ליבע.

די לערע פון מאָראַל פאָדערט פון אונז ליב צו האָבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין, נאָר אַזוי ווי אָטדי

פליכט איז פאַר דעם דורכשניטליכן מענטשן אַ צו גרויסע פאָדערונג, ער קען ניט ליב האָבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין, פאַרלאַנגט פון אונז די מאָראַל אַמווייניגסטן, ניט צו טאָן דעם צווייטן אַזאַ זאַך, וואָס מיר האָבן פיינט, אַז מען זאָל דאָס אונז טאָן.

ווען מענטשן זאָלן אָפּהיטן אָטדעם איינצלנעם פּרינציפּ פון מאָראַל, וואָלטן מיר געהאַט אַ געזעלשאַפט פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, פון גלייכהייט פאַר אַלע מענטשן.

דער קלוגער יאָגט זיך ניט נאָך רייכטום; ערשטנס, ווייל צו ווערן רייך דאַרף מען פאַרשקלאַפן און באַרויבן אַנדערע מענטשן, און צווייטנס, ווייל ניט אין רייכקייט ליגט דעם מענטשנ׳ס גליק.

אין דעם קלוגנ׳ס וועלט־אָנשויאונג איז זיין „איך״, זיין פּערזענליכקייט אַליין, צו קליין פאַר זיין ברייטער נשמה. זיין נשמה איז אוניווערסאַל, די גאַנצע וועלט איז זיין וועלט. אים קען ניט צופרידן שטעלן זיין צושטאַנד אַליין, אויב דער צושטאַנד פון די מערסטע מענטשן איז ניט גוט, און ווען ער דענקט וועגן דער צוקונפט, דענקט ער ניט נאָר וועגן זיין צוקונפט, נאָר וועגן דער צוקונפט פון אַלע מענטשן, און ער איז אימער גרייט צו דינען דער מענטשהייט

מיט אַלע זיינע מעגליכקייטן. זיינע פעיגקייטן און זיין חכמה ווערן אויסגענוצט ניט נאָר פאַר זיין פערזענ־ליכן לעבן, נאָר אויך פאַר דעם וואויל און בעסטן פון דער מענטשהייט.

צום באַדויערן זעען מיר, אַז מענטשן מיט גוטע פעיגקייטן, וועלכע קענען מאַכן דעם מענטשן פול־קאָם קלוג, נוצן אויס זייערע פעיגקייטן אין אַ שלעכטן וועג. וועגן אַזעלכע קלוגע האָט דער נביא געזאָגט:

חכמים המה להרע
ולהיטיב לא ידעו.

(ירמיה, ד׳, כ״ב)

דאָס מיינט, זיי זיינען קלוג צו טאָן שלעכטס, אָבער גוטס טאָן ווייסן זיי ניט.

אין אונזער קאַפּיטאַליסטישער וועלט זעען מיר ווי מענטשן מיט גוטע פעיגקייטן נוצן אויס זייער קלוג־הייט, זייער שאַרפזין צו עקספּלאָאַטירן, צו באַרויבן און צו פאַרשקלאַפן זייערע מיט־מענטשן. זיי ווייסן ניט פון יושר, פון רחמנות. ווי ווילדע חיות לעבן זיי.

און וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבן? די יאָגעניש נאָך רייכטום און לוקסוס רויבט פון זיי אַוועק זייער אינערליכע רוהיגקייט. זיי וואַרפן זיך אַריין אין דעם

שטאָרעמדיגן קאַפּיטאַליסטישן ים, קעמפן פאַר־צווייפלט מיט די ברויזנדע וועלן, און נאָר אַ קליינע צאָל דערגרייכט זיין ציל. די מערסטע ווערן אַרויס־געשליידערט צעבראָכענע קערפּערליך און גייסטיג.

מיר ליינען יעדן טאָג אין די באַריכטן וועגן אָטדי חכמים, וועלכע זיינען דורכגעפאַלן אין זייערע ריזיקאַלישע, אַוואַנטוריסטישע אונטערנעמונגען. פילע פון אָטדי העלדן געפינען זיך אין משוגעים הויז, פילע אין געפענגעניש און פילע באַגייען זעלבסט־מאָרד.

און ווען מיר וועלן אפילו נעמען, דעם, וואָס דערגרייכט זיין צוועק, ער האָט שוין רייכקייט און לוקסוס, האָט ער דען אַן אמת'ע אינערליכע גייסטיגע רוהיגקייט און צופרידנהייט?

אָט טרעפט, אַז אין זיין רייכן פּאַלאַץ ווערט אים ענג, עס באַפאַלט אים אַ בענקעניש, לויפט ער אין זיין געזעלשאַפט, וואו עס הערשט קנאה, שנאה און פאַלשקייט. שפּילט מען אין קאָרטן, מען עסט און מען טרינקט ביז שכרות, און מען קערט זיך אום אַהיים אויסגעמאַטערט מיט אַ פּוסטקייט אין דער נשמה.

און ווען ער זוכט אָפּפרישונג אין זיינע בעלער,

וואָס געפינט ער? דער ווײַן פאַרנעפּלט זײַן צעדרייטן מוח, די טענץ צערודערן זײַנע נערוון, און ער קומט אַהיים מיט אַ נאָגעניש אין האַרצן און מיט אַ קאַצן־יאָמער אין זײַן קראַנקער נשמה.

## שלוס

די מענטשהייט דאַרף קליגער ווערן און געדענקען, אַז קלוגהייט אָן מאָראַל איז ניט קיין קלוגהייט.

איבערהויפּט איצטער, אין דער שטאָרעמדיגער צייט, וואָס די מענטשהייט, לעבט איבער, ווען עס מוז קומען אַ גרויסע ענדערונג אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָרדענונג, מוזן מיר ווערן קליגער, אַז מיר זאָלן פעיג זיין צו קוקן מיט אָפענע אויגן אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר אין אונזער געזעלשאַפטליכן לעבן, און אין אונזער פערזענליכן לעבן, און אונזער קוק דאַרף זיין אַ ברייטער, אַ טיפער, אַן אַל־זייטיגער. מיט אַזאַ קוק וועלן מיר דערזען די ווירקליכקייט. מיר וועלן זיך אויפכאַפּן ווי פון אַ שלאָף, ווייל מיר זיינען פאַרשלעפערט, מען פאַרוויגט אונז מיט נאַרישע לידלאַך.

ווען מיר וועלן דערוואַכן, וועלן מיר דערזען דעם שרעקליכן כאַאָס סיי אין אונזער געזעלשאַפטליכן לעבן און סיי אין אונזער פערזענליכן לעבן. אַ לעבן פון הו־האַ, טומל און יאָגעניש, אַ געזעל־

שאַפט פון כאַפּ־לאַפּ, וואו איינער דעם צווייטן שלינגט איין, און ווערט אַליין איינגעשלונגען.

מיר וועלן דערזען אַ שוידערליך בילד פון צענדלינגע מיליאָנען פאַרפינסטערטע, הונגעריגע און נאַקעטע מענטשן, אין דער צייט, וואָס איינצלנע מענטשן האָבן פאַרכאַפּט די רייכטימער פון דער וועלט און לעבן אין אומבאַגרעניצטן לוקסוס.

און אין אונזער פּערזענליכן לעבן, אויב מיר זיינען אפילו פון די גליקליכע, וואָס הונגערן ניט, וועלן מיר אויך דערפילן אַ פּוסטקייט אין דעם לעבן, ווייל דאָס איז אַ לעבן אָן אינערליכער גייסטיגער רוהיגקייט און צופרידנהייט. דער שרעקליכער קאַמף פאַר אונזער עקזיסטענץ צערייסט אונזערע נערוון, פאַרטעמפּט אונזערע שענערע געפילן און פאַרטונקלט אונזער פאַרשטאַנד, אונזער דענקונגס־קראַפט. און דער שרעק פאַר׳ן מאָרגן רויבט פון אונז דעם לעבן פון דעם „היינט".

מיר לעבן אַן אומנאָרמאַלן לעבן. מיר זיינען פאַרטומלט און פאַרנאַרישט.

מען מוז ווערן קליגער!

ע נ ד ע

# אידעאַלע הייראַט

פון

## ישׂראל איסר קאַצאָוויטש

דער גרעסטער גליק אין לעבן איז אַ גליקליכע הייראַט; און דער גרעסטער אומגליק אין לעבן איז אַן אומגליקליכע הייראַט.

הייראַט איז איצטער געוואָרן אַ שווערע קאָמפּלי־צירטע פּראָבלעמע, ווייל עס איז געקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דעם באַגריף פון פאַמיליען־לעבן.

די „אידעאַלע הייראַט" איז אַ לעבנס־באַשרייבונג פון אַ גליקליכן פאַמיליען־לעבן, וואו דער מאַן און די פרוי האָבן גוט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו מאַכן, אַז זייער צוזאַמען לעבן זאָל זיין פאַר זיי ביידען אַ קוואַל פון פאָלקאָמער גליקזעליגקייט.

ווער עס וועט לייענען דעם בוך מיט אויפמערק־זאַמקייט, וועט געוויס קאָנען פיל לערנען ווי אַזוי צו האָבען אין דעם פאַמיליע לעבן, פריינדשאַפט, ליבע און פרידן.

דער בוך ענטהאַלט 224 זייטן, פּראַכטפול געבונדן אין קלאָט. . . . . . . . . . . . . . 2.00

לערנען פון דעם בוך . . . און זיי וועלן אַלע פילן, אַז עס איז אַן אויפריכטיג און עהרליך בוך . . . "
—ש. ניגער אין „טאָג"

# דאָס אייביגע פאָלק

גערדרוקט אויף גוטן פּאַפּיר און געבונדן אין קלאָט, 314 זייטן.. . . . . . . . . . . 2.00

דער בוך איז אויך איבערזעצט אין ענגליש ביי
מאַקסימיליען הורוויטץ
אונטער דעם נאָמען

# THE ETERNAL PEOPLE

פּראַכטפול שעהן גערדרוקט און געבונדן. אַ זעלטענע ניצליכע מתנה פאַר קינדער. איבערהויפּט ווען איר דאַרפט געבן אַ פּרעזענט צו אַ בר־מצוה.

לעזט די קריטיקס וועגן די ענגלישע איבערזעצונג
אויף זייטן 2—9.

„ . . . מר קאַצאָוויטש דענקט גלייך און שרייבט איינפאַך . . . ניט נאָר קינדער, נאָר אויך זייערע עלטערן און אפילו זייערע זיידעס און באָבעס וועלן געפינען באַלערונג און אונטערהאַלטונג אין דעם ווערק . . . אַלעס לעזט זיך אַזוי לייכט, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן מיטצוגעהן מיט דעם פּראָפעסער פון איין ענין צום אַנדערן . . . דער פּראָפעסער איז קלאָר און דייטליך אפילו ווען ער ברייננגט אויסצוגע פון פילאָ־סאָפישע ווערק. ער באַנוצט וויסנשאַפט און פילאָ־סאָפיע אַלס באַלייכטונג צו וואָס ער האָט צו זאָגן. ... דער בוך קען מיט אַ ריינעם געוויסן רעקאָמענדירט ווערן צו אידישע לעזער.“

—פ. וויערניק אין „מאָרגען זשורנאַל“

---

„ . . . עס איז ניטאָ כמעט איין פראַגע אין דעם היינטיגן און דעם פאַרגאַנגענעם לעבן, וואָס ער זאָל ניט אָנרירן און ניט באַלייכטן . . . די לעזער, וואָס זיינען ווייניג באַקאַנט מיט דער אידישער געשיכטע און מיט דער אַלטער אידישער ליטעראַטור וועט „דאָס אייביגע פאָלק“ פאַר זיי זיין אַן „ענציקלאָפּעדיע“ פון אידישקייט. אַן ענציקלאָפּעדיע, וואָס איז געשריבן אַזוי קלאָר,אַזוי איינפאַך . . . אַלע וועלן עפּעס

# דאָס אייביגע פאָלק

פון

## ישׂראל איסר קאצאוויטש

---

„דאָס אייביגע פאָלק" איז אַ מערקווירדיגער בוך . . . מערקווירדיג צוליב זיין גרויסן אינהאלט, צוליב זיין אָרגינעלן פּלאַן — צו פאראייניגן אין איין ווערק די גאַנצע היסטאָריע פון אידישן פאָלק, זיין רעליגיאָן, זיינע מאָראַלישע לעהרן, זיין פילאָסאָפיע, זיין לעבן און זיינע מנהגים . . . עס איז ניטאָ אַן ענין אין דעם גאַנצן אידישן לעבן, פון דער פארגאַנגענהייט און געגענווארט, פון דעם אידנ'ס גייסטיגן און מאַטעריעלן לעבן, וואָס איז ניט באַשפּראָכן געוואָרן אין דיזן ווערק, און אַלעס אין הארציגן אמת אידישן פליסענדן לשון... מר. קאַצאָוויטש האָט אויפגעטאָן אַ זעהר גרויסע אַרבייט, און עס איז צו האָפן, אַז זיין ווערק „דאָס אייביגע פאָלק„ וועט געקויפט ווערן . . .

—תשר"ק אין „טאַגעבלאַט"

"The Days of Our Years" is an autobiography in the most modern sence . . ."

—*Womens Wear Daily*

---

"Intelligent readers of world-literature would do well to lay aside their novels, or whatever it might be, and plunge into these pages, wherein an exquisite soul tells of his wanderings amidst men . . . the most critical reader will not put the book aside before they have reached the last page and then ask, why do intelligent people read novels when such books are written."

—*Justice*

---

The Days of Our Years contains 356 Pages. Beautifully printed and bound in cloth . $2.50

HEBREW PUBLISHING CO.

632 Broadway, New York

"The Days of Our Years" . . . It is a colorful, direct and forceful report on one of the most significant periods of Jewish — and incidentally — world history . . . Mr. Kasovich's book gives an invaluable picture of the spiritual and physical details of the life of the old world Jews . . ."

—*Boston Evening Transcript*

---

"The Days of Our Years" makes a powerful appeal to gentile reviewers . . . Mr. Kasovich is a natural writer . . . He knows how to make places and people come alive . . . His autobiography is sound, homespun with occasional threads of red and of gold.

—*By Isabel Paterson in the Forward*

---

"The whole Jewish literary world acclaimed the book as a masterpiece of its kind . . . The book is a great human and historic document . . . "

—*Jewish Chronicle*

" . . . Mr. Kasovich writes well and does not burden his autobiography with unnecessary details. At the same time he makes his narrative highly interesting and injects serious topics into it . . . We recommend this book, and would also like to suggest to the reader Mr. Kasovich's first volume "The Eternal People", a spiritual interpretation of our history . . . "

—*The Jewish Journal of San-Francisco*

---

" . . . It goes without saying that Jews will enjoy "The Days of Our Years". I should like, however, to recommend it to my Gentile friends, in the interest of a better mutual acquaintance."

—*Saturday Review of Literature*

---

" . . . All this is described in a facile manner, in a series of interesting pen-pictures which make the document a valuable source-book to students of Jewish life . . .

—*The Jewish Social Service Quarterly*

# THE DAYS OF OUR YEARS

Personal and General Reminiscence

By

ISRAEL KASOVICH

*Translated by*

Maximilian Hurwitz

---

"Readers who have enjoyed Israel Kasovich's pungent and colorful reflections of Jewish life in "The Eternal People" will turn with pleasurable anticipation to "The Days of Our Years" . . . The author has the eye: he has also the power to transcribe the life of a Jewish community . . . to make it live for the reader . . . Especially fine are the pen pictures of the beginning of the Zionist movement . . . To many American-born Jews they will read like a revelation and prove more fascinating than fiction."

—*American Hebrew*

# זעכציג יאָר לעבן

פון

## ישראל איסר קאצאוויטש

וועלכע האָט פאַרנומען א באדייטענדן פּלאַץ אין דער אידישער ליטעראַטור, איז איבערגעזעצט געוואָרן ביי דעם פּראָפעסער אין העברעאיש און געדרוקט געוואָרן ביי אונזער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק אין פערלאַג „דביר“. שפּעטער האָט דער פּראָפעסער צוגעשריבן נאָך צען יאָר איבערלעבונגן. אנשטאט „זעכציג יאָר לעבן“ איז געוואָרן „זיבעציג יאָר לעבן“, און דאָס איז איבער־געזעצט געוואָרן ביי

## מאקסימיליען הורוויטץ

אונטער דעם נאָמען

# THE DAYS OF OUR YEARS

די קריטיקס וועגן אָטדעם בוך אין ענגליש וועט איר געפינען אויף די נעקסטע זייטן 11—14.

Jewish life, whether ancient or modern, material or spiritual, that is not discussed in this book, and discussed in a language that is simple, warm, intimate . . .

—*The Jewish Tageblat*

---

The Eternal People contains 348 Pages. Beautifully printed and bound in cloth. Second revised edition. . . . . . . . . . $2.50



HEBREW PUBLISHING CO.
632 Broadway, New York

"This is not a book to be picked up and put down after the reading . . . Every inspection of it brings new delight . . . The author covered in a most ingenious way every phase of Jewish life and history . . . Every Jewish child should read this book."

—*Every Friday*

---

" . . . The book possesses a positive educational value . . . the author it simple and clear even when he quotes from Aristotle or Kant . . . a very good book which may in all conscience be recommended to every Jewish reader.

—*Jewish Morning Journal*

---

"The Eternal People" is a remarkable book . . . its novel plan namely, to compress into a single volume the whole history of the Jewish people, its religion, its moral precepts, its life and customs . . . There is hardly a phase of

"An interesting and informative book, a stimulating book . . . Mr. Kasovich has left no phase of Jewish history, ethics, culture or philosophy untouched."

—*Young Israel*

---

"The Eternal People" is an interesting book . . . there is so much material in it . . . and so many beautiful sentiments on Jews and Judaism, that it deserves a careful reading . . . this book can very safely be put into the hands of many readers who should profit considerably by a thorough reading of this guide book . . ."

—*Young Judaen*

---

" . . . The author's illuminating excursions into the realm of history, philosophy, and literature add to the value of this book as a work of reference for debates, discussions and essay contests . . . "

—*New York Jewish Center*

"Here is a book . . . which offers to children and adults the background of Jewish information needed for a comprehensive understanding of our people, our history, our customs, our philosophy . . . In plan as well as in style this book is admirably adapted to promote its educational mission."

—*The American Hebrew*

" . . . Mr. Kasovich unfolds to his reader the wonderful panorama of four thousand years of Jewish history and achievement in every land and field of endeavor . . . There is scarcely an aspect of Jewish life, whether material or spiritual, sacred or secular, of the present or past that he does not touch upon and illuminate. He has done his task in a simple language, marked by beauty and eloquence . . . "The Eternal People" reads almost like a novel, yet it is a veritable encyclopedia of Jewish information."

—*The Jewish Tribune*

" . . . Kasovich using the Jewish holidays as talking-points of interest, unveils an inspiring vista of Jewish history and achievement. He runs with ease and grace, hither and yon, over thousands of years of history, over continents, climes and lands, and lights up obscure but quaint and interesting corners of forgotten times . . . "The Eternal People" should be helpful to those Jewish social workers who find in the problem of Jewish education the greatest of the many pressing problems facing American Jewry . . ."

—*Jewish Social Service Quarterly*

---

"Here is a book! . . . Though intended as a book for Jewish children, children's parents, especially, and other Jewish adults could-and-should, read it with pleasure and profit. For "The Eternal People" is a liberal education in judaism . . . The scope of the book is tremendous; yet it is written in a simple, clear style . . . Here is a gift for your young Jewish friend!" —*Hillel Quarterly*

"I find it to be a splendid volume of information about the Jews and Judaism . . . Open it where you will and your interest is at once riveted. As a book of inspiration as well as information I commend it highly to Christian as well as to Jew. Every Jewish home would be the gainer by having a copy upon the table for frequent consultation."

—*Rabbi Alexander Lyons*

---

"Contains a mine of information and sentiment . . . One who reads and digests its contents may no longer be said to lack a Jewish education."

—*B'nai B'rith Magazine*

---

" . . . As in a mirror, one beholds in these pages the reflection and the outline of the creative minds of our nation in all ages; their teachings and their philosophies are all gathered in these pages . . . " —*The Day*

"It is a pleasure to welcome a second edition of Israel Kasovich's heart-warming book. . . Here is a text-book with a heart! A warmly glowing and lovingly caressing encyclopedic presentation of Jewish life in its riches. Here is an ingeniously constructed picture in which the Jewish past, present, and future merge into one timeless experience. "The Eternal People" is an ideal gift for the Bar-mitzvah boy and his sister . . . " Dr. D. de Sola Pool

—*The Jewish Forum*

---

"It is really a Jewish "Book of Knowledge" . . . written in a most readable style . . . even the Encyclopedia cannot take the place of this book. It should find a place in every Jewish home . . ."

—*The Jewish Times. Balt. Mar.*

---

"A very concise and readable digest of Jewish history, custom, and religion."

—*The New Palestine*

# ETERNAL PEOPLE

## Holiday Sentiments on Jews and Judaism

By ISRAEL KASOVICH

*Translated by*
Maximilian Hurwitz

"The Eternal People" is an entirely original book, unique in Jewish American bookland... In transcribing his own emotions and reflections the author has become poet and artist... He presents a bird's-eye-view of Jewish history, Jewish religion, ethical and philosophical, poetical and social creations throughout the ages. He unfolds before the reader's eye the panorama of the creative Jewish mind in all ages and in all lands . . . The language is so smooth and natural, the narrative flows on so gracefully and so easily that the reader almost forgets he is perusing a serious treatise, but finds himself engrossed in a thrilling story well told." —*Reflex*

# PRESS COMMENTS

*ISRAEL KASOVICH'S*

*"THE ETERNAL PEOPLE"*

*"THE DAYS OF OUR YEARS"*

TRANSLATION BY

MAXIMILIAN HURWITZ

---

# אויסציגע פון קריטיקס

וועגן

## ישראל איסר קאצאָוויטש'ס

„דאס אייביגע פאלק"

„אידעאלע הייראט"

---


HEBREW PUBLISHING CO., New York

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאני, ניו יאָרק